מ. שאַץ-אַנין.




210

# הערמאַן קאָהען.

№ 1

— אַסימילאַציע-עטאפּן

הערמאַן קאָהען איז געווען דער טיפּסטער באַגרינדער פונם קריטישן אידעאַליזם און דער לעצ-טער קויהען-גאָדל פון דער אידישער אַסימילאַציע. ער האָט געשטרעבט סינטעטיש צו באַגרינדן היין די לעצטע אידעאָלאָגישע סיסטעם פון דער אַלוועלט-לעכער בורזשואַזיע — דעם קריטישן אידעאַליזם, היין די אידעאָלאָגישע „פּאַראַלוועלטלעכונג", ד. ה. אַסי-מילירונג פון דער אידישער בורזשואַזיע — די מי-סיאָן-(שליכעס)-טעאָריע.

קאָהען איז דער באַדייטנסטער אידעאָלאָג פונם מאָדערנעם קלאַל-איסראָעל אַפּן לעצטן עטאַפּ פון זיין אַסימילאַציעוועג.

די אידישע בורזשואַזיע איז געבאָרן געוואָרן מיטן פּעסטן ווילן זיך וואָס גיכער צו באַפרייען פון די פאַרשיידענע פעדים, וואָס בינדן צונויף די אידישע יעכידים אין אַן אידישן נאַציאָנאַל-סאָציאַלן אָרגאַניזם. אָט דער אַסימילאַציעדורשט האָט זיין אינע-ווייניקסטן סיידער, זיין לאָגיק.

אָנגעהייבן האָט ער זיך שוין לאַנג, בעאיים דער אידישער פאָלק האָט פארלאָרן זיין פּאָליטישן מאַלבעש, זיין מעלוכעאָרגאַניזאַציע, און איז געוואָרן עקסטעריטאָריאַל. דאַמאָלסט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן די ערשטע מאַכנעם איבערלויפערס אין פרעמדע לאַ־גערן. די איבערשטע שיכטן האָבן אָנגעהייבן זיך אָפּצעבּרעקלען פונם נאַציאָנאַלן אָרגאַניזם. און אין ערשטער ריי ווערן איבערגעריסן די מער מאַמאָשעס־דיקע סאציאַל־עקאָנאָמישע פעדים. מע בלייבט נאָך צוגעבונדן צום פאָלק דורך די אַלטע נאַציאָנאַל־קולטורעלע לעבנספאָרמען, וואָס נעמען שוין אָבער אַרום אַ פיל איינגערן און פלאַכערן אינטערעסנקרייז.

מיט דער צייט — דווירעס ביטן זיך, ווערט דער אידישער קולטורעלער פאַרצעף אויך אַלץ מער אָפּגעבלייכט, צוגעפּאַסט צו די קולטורפאָרמען פון דער אַרומיקער נאַציאָנאַל־סאָציאַלער מערהייט. בלייבט באַ זיי, באַ די העכערע שיכטן פונם אידישן בירגערטום, ערגעץ אין אַ פאַרוואָרפן ווינקל פון דער נעשאָמע — די רעליגיעזע טראַדיציע: דער בעסמעדרעש, דער יאָנטעף. אָבער אויך זיי ווערן באַלד אַ מעניע צו דער צוזויפגיסונג מיט דער בור־ושואַזיע פון דער הערשנדיקער נאַציע: ס'איז פאָרט אַן

איבערלעבונג, וואָס באַקומט אַ געוויסן אָביעקטיוון אויסדרוק. דאַן וואַרפט מען אַראָפּ דעם לעצטן רעשט פון די אַלטע בגאָדים און — מ׳ זעט שוין גאָר=ניש ט, ווייל ס׳בלייבט „די עטיק״ פונם יודאַאיזם, דער טעאָרעטיש=פילאָזאָפישער מיין, דער לעצטער טיף אינעווייניק פאַרבאַהאַלטענער ווידערקאָל פונם געשטאָרבענעם קלאַל אינם גייסט פון יאָכיד.

אָט אַזוי פירט דער וועג פֿון דער אַסימילאַציע: פון קאָנקרעטע אָביעקטיווע נאָרמען, וואָס אָרגאַניזירן דעם לעבן פון קלאַל אין סאָציאַלן, פאָליטישן און קולטורעלן זין, צו אַבסטראַקטע סוביעקטיווע איבער=לעבונגען פון יאָכיד, וואָס העלפן אים זיך אָפּצערייסן פונם אידישן קלאַל... און די באַדייטנדסטע עטאַפּן פון דעם אַסימילאַציעוועג זיינען: פֿון דער אידישער מעלוכע איבער דער אידישער נאַציע און אידישער רעליגיע צו קלוימערשט „אידישער״ עטיק און אין טאָך אַנטיאידישער פילאָזאָפיע.

— אסימילאַציע־טעאָריע

היסטאָרישע עטאַפּן פאַרשווינדן אָבער ניט אינ־גאַנצן. זיי לאָזן נאָך אין דער נעשאָמע, ווי אין לעבן, רודימענטן, שיראַאים. און אַזוי מישן זיך דורך אינם גייסטיקן פּאַרצעף פון דער אידישער בורזשואַזיע עטיש־פילאָזאָפישע בקירעס, רעליגיעזע מינהאָגים, נאַציאָנאַל־קולטורעלע רעשטלעך און נאַציאָנאַל־פּאָליטישע כאַ־לוימעס. אָבער — אַלץ רובעסדיק, אַלץ ניטראַל, אַלץ „פאַרגייסטיקט", ד. ה. פּראַקטיש אומשעדלעך געמאַכט. און געבליבן זיינען טויטע קאַוואָנעס.

פון אידן איז געוואָרן „אידנטום". פון אידנטום — „יודאַאיזם", יאַהאַדוס. קעדיי פון „דייטשן פון מוישע ראַביינוס גלויבן" זאָלן ווערן „דייטשן פון קאַנט־קאָהענס פילאָזאָפיע".

דער מיירעוו־אייראָפּייאישער „יודאַאיזם" און דער מיזרעך־אייראָפּייאישער „יאַהאַדוס" מיט זייערע כיבאַס־ציוין־אָרנאַמענטן איז די קלאַסנאידעאָלאָגיע פונם אי־דישן בירגערטום. און ווי יעדער קלאַס, שטרעבט אויך די אידישע בורזשואַזיע אָנצובינדן איר אידעאָ־לאָגיע קוידעם־קאָל דעם קלאַל־איסראָעל, אַלס זיין העכסטע „מיסיע", און דערנאָך דער גאַנצער מענטש־הייט, אַלס איר ליכטיקע צוקונפט.

אַזוי ווערט פון אַן איינגען סאָציאַלן גרופּנאינ־
טערעס אַ קלוימערשט־נאַציאָנאַלער אידעאַל, וואַקסט
זיך ווייטער פאַנאַנדער אין אַ געשיכטספּילאָזאָפיע און
סאָף־קאָל־סאָף אין א גאַנצע פילאָזאָפישע וועלטאָנשויאונג.

דער עקאָנאָמישער קלאַסנאינטערעס גיט אָפּ זיין
באַפעל: „דו זאָלסט זיך באַפרייען פונם אידנטום און
ווערן אַ קאָשערער דייטש". קומט דער אידעאָלאָג
פונם קלאַסנאינטערעס און באַפוצט אים מיט אַ פּי־
לאָזאָפישן מאַנטל: „דו מוזט באַפרייען די גאַנצע
וועלט — און קוידעם־קאָל די דייטשע — דורך דיינע
העכסטע עטישע אידעאַלן—מאָנאָטעאיזם און מעסיאַניזם".

עס שטייען זיך איינער אַנטקעגן דעם אַנדערן:
דער קליינער „איך" און די גרויסע וועלט. וועבט דער
גערדאַנק פונם „איך" אַ קייט פון באַגריפן, וואָס זאָלן
אים צונויפבינדן מיטן נאָענטן סאָציאַלן אַרום — מיט
דער דייטשער, פּוילישער, רוסישער וועלט.

און ער וויל אונז איינרעדן, אַט דער נאַאיווער
צופאַסונגדורשט פונם יאָכיד, אַז ער איז — אַ פאָלק־
אידעאַל און נאָך מער — די אוניווערסאַלע וועלט־
באַפרייאונג.

דאָס איז דער סאָציאַל־פּסיכאָלאָגישער יעסאָד פון קאָ־
הענס באַנעמען די וועלט ביכלאַל און דעם אידנטום ביפראַט.

---

## קאָהענס לעבן —

הערמאַן קאָהען איז געבאָרן 1842 אין קאָסוויג, דייטשלאַנד. שטודירט פילאָזאָפיע און ראַבינים אין ברעסלוי, בערלין, האַלע. זיך „ספּעציאַליזירט" אַף קאַנט. זיך פלייסיק פאַנאַנדערגעקליבן אין קאַנטס וועלט-אנשויאונג, סיסטעמאַטיש איבערגעגעבן אין דריי ווערק:

I. „קאַנטס טעאָריע פון דער דערפאַרונג", 1871.
II. „קאַנטס באַגרינדונג פון דער עטיק", 1877.
III. „קאַנטס באַגרינדונג פון דער עסטעטיק", 1889.

זייט 1875 איז קאָהען פּראָפעסאָר פון פילאָזאָפיע אין מאַרבורג. ווערט דער פירער פון דער נעאָקאַנטישער אָדער מאַרבורגער שול און טרעט צו 1902 צו אַנטוויקלען זיין פילאָזאָפישן אַני-מאַמין אין זיין „סיסטעם פון דער פילאָזאָפיע" אין דעם אייגענעם סיידער:

1. „לאָגיק פונם ריינעם דערקענען", 1902.
2. „עטיק פונם ריינעם ווילן", 1904.
3. „עסטעטיק פונם ריינעם געפיל", 1908.

און אַ ריי שריפטן וועגן אידנטום.

קאָהען איז געשטאָרבן 1918.

---

## לאָגיק —

די לערע פון קאָהען איז געבויט אַף פאָלגנ־דיקע יעסוידעס:

די אומענדלעכקייט, די וועלט, אַנטפּלעקט זיך דעם מענטשן אַף דריי אויפאַנים: דורכן געדאַנק, ווילן און געפיל.

בעריישים איז געווען דער געדאַנק, די אידיי, וואָס שטרעבט אַרומצונעמען די וועלט, אַלס איינהייט. און דער העכסטער סימוואָל פון דער וועלטאיינהייט איז דער באַגריף „גאָט”. הערשט אין דער נאַטור ניט דער צופאַל, נאָר די געזעצמעסיקייט, וואָס קאָן אויסגעפאָרשט און פעסטגעשטעלט ווערן דורך דער מאַטעמאַטישער נאַטורוויסנשאַפט. דער פאָרשטאַנד איז דער הערשנדיקער און אָרגאַניזירנדיקער פּרינציפּ אין דער וועלט פון דערשיינונגען. דער לעבן, די געשיכטע, די גאַנצע וועלט ווערט באַ קאָהען ראַציאָ־נאַליזירט. ער איז דער עמעסער טעמפּאָראַליסט, אָבער ניט פון דעם גרויסן אינטואיטיוו־סייכלדיקן וועלט־באַנעמען, נאָר דער טעמפּאָראַליסט פונם קליינעם לאָ־גיש-סייכלדיקן אויסטייטשן פון אַלע וועלטגעשעענישן.

יעדע בילדלעכקייט, יעדער מיף, יעדער סימ-
וואָל — איז פאר קאָהען אַ פאַרברעכן קעגן דער
ריינער אידיי. און עס בויט זיך דער אַלטער פאַר-
שטיינערטער סייכל-האַיאָשער זיין אייגענע וועלט, די
וועלט פון זיין באַגרענצטן עמעס.

און דער אַליינהערשער איבער דער וועלט איז —
„די לאָגיק פונם ריינעם סייכל"...

— עטיק

פאַראַלעל מיט דער סיסטעם פֿון טעאָרע=
טישן וועלטבאַנעמען — בויט קאָהען זיין פּראַק=
טישע פילאָזאָפיע — אַ וועגווייזער אינם אַלטעגלעכן
לעבן — די עטיק.

די סיסטעם פֿון פּראַקטישע מאַיסים ווערט גע=
שאַפן דורכן ווילן. אָבער ניט נאָך זיין ווילקיר, נאָר
לויט די געזעצן פֿונעם סייכל. דער סייכל
עקזאַמענירט אַלע לעבנדערשיינונגען און שאַפט די
געזעצן און נאָרמען, וואָס זיינען „נאַטירלעך״, ד. ה.
פּאַרנומפטיק. אַזוי ווערט ראַציאָנאַליסטיש באַ=
שאַפן אַ „נאַטורעכט״ און אַ „פּאַרנומפטמעלוכע״.
און זיי ווערן דער וועגווייזער פאַר דער עטיק. דער
מאָראַלישער ווילן באַקומט זיין ציל — פֿון פֿולקו=
מענהייט, וואָס האָט זיין העכסטע גאַראַנטיע און
סאַנקציע אינם גאָטבאַגריף.

דער פאַקט, וואָס די מענטשהייט האָט באַ=
שאַפן די אידיי פֿון גאָט, איז אַ באַווייז, אַז די עטיק
האָט אַ רעאַלן יעסאָד אין דער מענטשלעכער נאַטור
און אַז זי וועט מענאַצייעך זיין אַף דער ערד.

ווי אין דער טעאָרעטישער פילאָזאָפיע איז „גאָט” דער סינאָנים פון דער וועלטאיינהייט, אַזוי איז ער אין דער פּראַקטישער פילאָזאָפיע דער סינאָנים פון דער איינהייטלעכער מענטשהייט. דער גאָט פון דער עטיק איז אַ סאָציאַלער פּיעל־יויצע פון קאָסמיש־לאָגישן גאָט. דער גאָט וויל ניט האָבן צו טאָן מיט דער רעליגיע, וואָס איז מיפּאָלאָגיש און „געצנדינעריש”.

און עס בויט זיך דער פּראַקטישער סייכל זיין וועלט, די וועלט פון יוישער, פון גערעכטיקייט. און איבער דער וועלט הערשט —

„די עטיק פון ריינעם ווילן”.

– עסטעטיק

בלייבט נאָך די ספערע פונם מענטשלעכן געפיל, וואָס ווייסט ניט פון עמעס און ליגן, פון גוטס און בייז. דער געפיל ביינקט נאָר נאָך שיינהייט. און דאָ אין דער פולקומענסטער אַנטפלעקונג פון שיינהייט זוכט דער מענטש מיט זיין געפיל ווידעראַמאָל די געטלעכע וועלטאיינהייט און – געפינט זי אין דער קונסט. עס באַהעפטן זיך דאָ געדאַנק און ווילן, באַפרוכפערן איינער דעם אַנדערן. וואַקסט זיך ברייט פאַנאַנדער אַף דעם באָדן, וואָס איז אופגעאַקערט דורכן ווילן און באַפרוכפערט דורכן געדאַנק – דער שאַפנדיקער געפיל. וועבט דער געפיל זיין אייגענע אידעאַלע וועלט, די וועלט פון שיינהייט און פרייד. און דער העכסטער געזעצגעבער פון אָט דער וועלט איז –

„די עסטעטיק פונם ריינעם געפיל".

— גייסט

אַזוי בויט קאָהען זיין פילאָזאָפישע סיסטעם: אַפּן פונדאַמענט פון לאָגיק — דער ביניען פון עטיק און איבער זיי — די קרוין פון עסטעטיק. דער צענטראַלפּונקט פון זיין סיסטעם, זיין איינהייטפּרינ־ציפּ איז — דער גייסט.

גייסט איז — דער עצעם פונם מענטשן, דער מעהוס פונם פאָלק, דער טאַמצעם פון דער מענטש־הייט, די נעשאָמע פון דער וועלט. גייסט איז אַלץ. און אַלץ, וואָס קומט פאָר אין דער וועלט, מוז פאַר־ענטפערט און באַרעכטיקט ווערן דורכן קרי־טישן פאַרשטאַנד. נאָר פון אים באַקומען אַלע וועלטגעשעענישן זייער זכוס־האַקיעם. רעאַל איז נאָר דאָס, וואָס איז גייסטיק, סייכלדיק. אַלעס אַנדערע איז ניט רעאַל, איז שעדלעך, עקסיסטירט ניט פאַר קאָ־הען, ווי לעמאָשל, מיפאָלאָגיע, רעליגיע.

קריטישער אידעאַליזם — קאָסמישער און עסטעטישער ראַציאָנאַליזם—עטישער סאָציאַליזם. דאָס זיינען די אַלגעמיינע שטריכן פון קאָהענס וועלט־אופאַסונג און וועלטבאַנעמען.

– יודאַאיזם

אַף דעם אייגענעם יעסאָד בויט קאָהען זיין יודאַאיזם. אויך דאָ פון אַלטע, אוראַלטע ציגל.

קאָהען וואונדערט זיך: ס'איז בעעמעס ניט צו פאַרשטיין, ווי אַ גאַנצע וועלט קאָן אַמאָל פאַרנאַרט זיין! ווי האָט מען זיך דאָס געקאָנט איינריידן, אַז אידן זיינען געווען אַ מעלוכעפאָלק, אָדער – הערט נאָר! – אַז זיי זיינען נאָך איצט אַ נאַציע, בעאיים עס איז לעכערלעך צו טראַכטן אַפילע, אַז זיי זאָלן קאָנען פאַרבלייבן, אַלס אַ באַזונדערע רעליגיעזע גרופּע!

ווי איז דאָס אַ וועלט אַזוי בלינד און זעט ניט, אַז אידן זיינען פּאָשעט – אַנ'אויסטראַכטעניש. אַז עמעס רעאַל עקסיסטירט נאָר די א י ד י י פונם אידן, דער יודאַאיזם, וואָס איז אין טאָך די קווינטעסענץ פונם אַלמענטשלעך-אַלוועלטלעכן פילאָזאָפישן געדאַנק ביכלאַל. אידנטום הייסט–דער אידייאישער אַוואַנגאַרד פון דער קומענדיקער איינהייטלעכער מענטשהייט, ריכטיקער, „די מענטשהייט פון דער צוקונפט"... יודאַאיזם – אַלס די העכסטע פאַרענדיקונג פון דער וועלטאיינהייט אין דיינקען, וועלן און פילן. ניט מער און ניט ווייניקער!

מ אָ נ אָ ט ע א י ז ם, די צענטראַלע אידיי פונם ריינעם סייכל, דורך וועלכער די צעבּרעקלטע וועלט פון דערשיינונגען ווערט פאַרוואַנדלט אין אַ האַרמאָ־נישע איינהייט, איז אין דער אייגענער צייט דער לאָגישער יעסאָד פונם יודאַאיזם, זיין היסטאָרישער יאיכעס און זיין אייבּיקע, וועלטהיסטאָרישע שליכעס.

מ ע ס י אַ נ י ז ם, דער אידעאַל פון דער אומענד־לעכער פאַרפולקומונג פון דער באַפרייטער געאייניק־טער וועלטמענטשהייט, וואָס איז דער מאָראַלישער ענדציל פונם ריינעם ווילן, איז אין דער אייגענער צייט די עטישע הויפּטאידיי פונם יודאַאיזם. דאָס איז דער פּ ר אָ פ ע ט י ז ם, דער נעוויאישער מאָשיעכדורשט, דער אָנזאָג פונם סאָציאַלן פרידן, פון גאָטס מעמשאָלע אַף דער ערד, וואָס ווערט א י י ב י ק פאַרווירקלעכט און קאָן קיינמאָל ניט בּיזן סאָף פֿאַרווירקלעכט ווערן. — ווייל די אידיי פונם „סאָף“ איז אינגאַנצן פרעמד דער מעסיאַנישער וועלטבּיינקשאַפט און דעם אידישן מאָשיעכגעדאַנק, וואו אַלץ איז געווענדט צו דער צ ו ק ו נ פ ט.

ניט אומזיסט באַטייט דער עמעסאידישער באַ־גריף: „אַחרית“ — דאָס פאָלגנדיקע, ד. ה. אין טאָך די אָפּלייקענונג פונם סאָף: די צוקונפט קאָן קיינמאָל

ניט ווערן קענגוואַרט, ווייל — יעדער סאָף איז דאָ
אַ נייער אָנהייב...

ליריזם, דער טיפסטער און רייכסטער קוואַל
פון עסטעטישן שאַפן ביכלאַל און די שענסטע בלום
פון דער פּאָעזיע, איז אין דער אייגענער צייט דער
איינציקער טרייבנדיקער קויעך און דער צענטראַלנערוו
פונם יודאַאיסטישן קונסטשאַפן.

ליריק איז אין טאָך ניט אַנדערש, ווי די עס-
טעטישע אַנטפּלעקונג פון דער עטישער מאָשיעכביינק-
שאַפט, דער קינסטלערישער אויסדרוק פון דער צו-
קונפטביינקשאַפט. און דער מאָשיעכדורשט איז אייגנ-
טלעך נאָר דער עטישער פּויעל-יויצע פון דער לאָ-
גישער וועלטאיינהייט, פון דער מאָנאָטעאיסטישער
אידיי.

— יודאַאיזם=צוקונפטמענטשהייט

אַף אַזאַן אויפן קאָנסטאַטירן מיר פון איין זייט — די איינהייט פון אַלע דריי הויפּטספערן פונם מענטש=לעבן שאַפן ביכלאַל, די איינהייט פון לאָגיק=עטיק=עסטעטיק; פון דער אַנדער זייט—די איינהייט פון די דריי גרונטיעכוידעס פונם יודאַאיזם, פון מאָנאָטעאיזם=מעסיאַניזם=ליריזם. און אויך — דעם האַרמאָנישן צונויפגיסן זיך פון די צוויי איינהייטן אינם גרויסן סינטעז: יודאַאיזם=צוקונפטמענטשהייט.

יודאַאיזם איז — וועלטבאַפרייאונג. און דאָס איז די העכסטע אויפגאַבע פון זיינע טרעגער, פון די אויסדערוויילטע, וואָס האָבן שוין לאַנג דערגרייכט אין זיך און פּאַר זיך דעם העכסטן סינטעז, די האַרמאָנישע וועלטאיינהייט אין דיינקען, וועלן און פילן.

אַוועקזעצן גאָט, דעם סינאָנים פון דער וועלט=איינהייט, אַפן טראָן, אַלס וועלטשופעט, פאַראייניקן אַרום אים די גאַנצע מענטשהייט—דאָס איז די מיסיע, די שליכעס, דער זכוס=האַקיעס פונם אידנטום.

אַזוי שאַפט קאָהען זיין יודאַאיזם.

— גייסטאימפעריאליזם

אָבער אין דער רעאַלער מאַמאָשעסדיקער וועלט, וואָס איז פול הייפּוכים און קאַמף פאַר צעשטערן די אַלטע אָפּגעלעבטע וועלטווערטן און שאַפן נייע, וואָס פאַר אַן אָרט פאַרנעמט קאָהענס פילאָזאָפיע אין אָט דער וועלט? איז זי ניט דער הייפּעך פון דער „ריינער“ אידיי?

קאָהענס אַלגעמיינע אידעאַליסטיש-ראַציאָנאַ-ליסטישע סיסטעם איז געוועבט דורך דער קלאַסנ-לאָגיק פון דער בורזשואַזיע, אַ שפּינגעוועב פון וואַ-סערדיק-צעשוואומענעם ווערטער-פעטישיזם, פאַרפּוצט מיט אַן אומפּרוכטבאַרן עטיש-עסטעטישן סאָלאָנסאָ-ציאַליזם. דאָס איז אַ נעץ פון זייפנבלעזער, אין וועלכן מע זוכט צו פאַרכאַפּן-פאַרשלעפערן די פאַרשקלאַפטע פאָלקמאַסן, וואָס בייגקען נאָך עמעסער ליכט און פרייהייט.

דאָס איז דער אידעאָלאָגישער אימפעריאַליזם, וואָס שטרעבט צו פאַרכאַפּן — באָלירע, ניט נייע מערק און לענדער — נאָר די הערצער און מויכעס פון די אַרבעטערמאַסן, זיי אַרויסצורייסן פונם „מיעסן“

מאַטעריאַליסטישן קלאַסנקאַמף און איינשלעפערן זייער געראַנק און ווילן דורך קלוימערשט האַרמאָניסטישע און פּאַציפּיסטישע וועלטכאַלוימעס, וואָס מאַכן אין טאָך נאָר ברייטער און טיפער דעם יאָם פון בלוט און טרערן און מאַכן דורך זייערע פאַרברעכערישע אילוזיעס דעם וועג פון דער געשיכטע נאָך רייכער מיט פּיין און נויט.

און ווי מעשונעדיק=לעכערלעך קלינגען די לידעלעך אין אונזערע טעג פון וויט=ברייט אופגע=ריסענע נעשאָמעס און טיף=שאַרף זוענדיקע איזגן!

— מאָדערנע קויהאַנים

אין אָט דעם אַלגעמיינעם פאַרשלעפּערנדיקן וועלטכאָלעם וועבט קאָהען אַריין אויך זיין רוכניעס־דיקן יודאַאיזם.

מיינט ניט, אַז אידן און יודאַאיזם זיינען נאָענטע קרוויווים! גאָר פאַרשיידענע צוויי זאַכן.

„וועגן מענטשן וועט זאָרגן די קולטור אַליין, נאָר דער גוירל פון גאָט ליגט אַף די פּלייצעס פון איכראָעל״ (קאָהען). לאָזט זיך באַלד הערן דער ווי־דערקאָל פון מיזרעכיאַהאַדום:

„וועגן אידן וועט זאָרגן די ציוויליזאַציע, נאָר דער גוירל פון אידישקייט ליגט אַף די פּלייצעס פון איסראעל״ (אַכאַד־האָאָם).

צי קאָן אונז דאָ אינטערעסירן, ווער וועמען ס׳האָט פּערעפּראַזירט, אַכאַד־האָאָם קאָהענען, אָדער פאַרקערט?

יודאַאיזם־יאַהאַדום־כיבאַס־ציוין, ס׳איז איין וועלט, אַ וועלט פון היינטמאָדישע קויהאַנים, וואָס פון איין זייט ליגן זיי אַף די קני פאַרן גילדענעם קאַלב פונם קאַפּיטאַליסטישן מאַמאָן, און פון דער אַנדער זייט פאַראַכטן זיי און האַסן די אידישע גאַשמיעס, די

נאַציאָנאַלע מאַטעריע, דעם וועלטליך־נאַציאָנאַלן אָר־גאַניזם, דעם פרייען אידישן געדאַנק אין אַלע זיינע פֿאָרמען.

און אין דעם פּראַט איז ניטאָ קיין כילעק צווישן מיזרעכאידן און מיירעווואידן, אַפילע צווישן מיטלאַלטער און נייצייט. אַבאַד האָאָם און קאָהען זינ־גען איין ליד. און ביידע – צי זינגען זיי ניט דאָס אייגענע לידל, וואָס ראַבי מאָרטייראַ?

פאַר מאָרטייראַ איז ספינאָזאַ – דער געפער־לעכסטער אַפּיקוירעס און פאַרברעכער, און כוירעס איז פאַר אים די קלענסטע שטראָף. אָבער צי ברענט ניט קאָהען מיט דעם אייגענעם פֿאַנאַטישן האַס קעגן דעם פריידיינקער ספינאָזאַ, „דעם פֿאַלסיפיקאַטאָר און רעבילעסניק פון יודאַאיזם”?

## — גילגל פון יודאַאיזם

זאָל דער אידישער גוף, דער לעבעדיקער איד, געררוידעפט ווערן אַפן אַבזאָריעסדיקסטן אויפן, זאָל דער נאַציאָנאַלער אָרגאַניזם גויסעסן, דער קויהען טוט זיך זיינס: ער באַלזאַמירט פאַרן אַרכיוו פון דער וועלט־געשיכטע דעם „אידישן גייסט", זיין אויסגעטראַכטן, אָפט געפּעלשטן יאַהאַדוסגייסט.

זיין יודאַאיזם האָט דער קויהען, דער בור־זשואַזער אידעאָלאָג שטענדיק און אומעטום געשאַפן לויט די פאָדערונגען פונם קלאַסנאינטערעס, וואָס ער איז באַרופן אים צו דינען. דער וועלטלעכער און גייסט־לעכער קויהען — דער נעגידישער ראָוו און דער בור־זשואַזער פילאָזאָף — איז דעריבער צו אַלע צייטן און אין אַלע לענדער דער אידעאָלאָגישער אַוואַנגאַרד פון דער אַסימילאַציע. זיין אופגאַבע איז צו פאַרפע־סטיקן די סאָציאַלע פּאָזיציעס פון דער אידישער בור־זשואַזיע און — ווען דאָס פאַרלאַנגט דער קלאַסנ־אינטערעס, שטעלט ער זיך קיינמאָל ניט אָפּ פאַר נאַ־ציאָנאַלן פאַראַט, ס'פאַרשטייט זיך, פאַרפוצט מיט פסוקים און מאַימאָרים.

מע כאַפּט אַרויס אַ פּאָסעק פון דער טוירע, פּלעכט אים צונויף מיט די האַנאָכעס פון דער צייט־לעבער און אָרטלעכער פּילאָזאָפישער שיטע און ס'באַקומט זיך — אַן אייגנאַרטיק באַשעפעניש — „יודאַאיזם", אַן אידעאָלאָגישער אַנדרויגענעס, אַ רוכעסדיקער ביניען, געבויט פון אַלגעמיין־מענטשלעכע ווערטן און אייגנ־מאַמאָשעסדיקע מאָגאינטערעסן. אַזוי בויט דער קויהען דעם בריק פונם אידנטום צו דער... „מענטשהייט", ד. ה. קאָנקרעט צו דער הערשנדיקער נאַציאָנאַלער מערהייט.

אַזוי איז עס טאָמיד געווען און אַזוי איז עס היינט.

באַם אויסגאַנג פונם אַלטערטום, בעאיים עס האָט געהערשט די גריכישע קולטור, האָט פּילאָן דער אַלעקסאַנדריער באַשאַפן זיין העלעני־סטישן יודאַאיזם לויט דעם מוסטער פון פּלאַטאָנס פילאָזאָפישן סיסטעם. אַ סינטעז פון טוירע און פּלאַטאָן. אין מיטלאַלטער, בעאיים די אַראַבישע קולטור האָט אין איינגסטן קאָנטאַקט מיט אַריסטאָטעלס פּי־לאָזאָפיע ווייטערגעשפּונען דעם פּאָדים פון גייסטיקן שאַפן, האָט דער ראַמבאַם, מאַימאָנידעס דער עגיפּטישער, באַשאַפן זיין אַראַביש־אַריסטאָ־

טעלישן יודאַאיזם אינם כאַראַקטער פונם הערשנ-
דיקן צייטגייסט. אַ סינטעז פון טוירע און אַריסטאָטעל.

און אין דער קאַפּיטאַליסטישער נייצייט, בעאיים
דער אימפּעריאַליזם, באַזונדערס דער דייטשער,
האָט אָנגעהייבן אויסצעשפּרייטן זיינע פליגלען איבער
דער ערד, האָט קאָהען דער מאַרבורגער באַ-
שאַפן זיין גערמאַניסטישן יודאַאיזם, לויט דעם
מוסטער פון קאַנטס פילאָזאָפישן סיסטעם. אַ סינטעז
פון טוירע און קאַנט.

ט ו י ר ע ־ ס כ ו י ר ע –

אַזוי האָבן די הערשנדיקע קלאַסן פונם אידנטום און זייערע טעאָרעטיקער, און זייער שטענדיקן שטרעבן זיך וואָס נענטער צו באַהעפטן מיט דער אַרו־מיקער נאַציאָנאַלער מערהייט, שטענדיק צוגעפּאסט זייער אידעאָלאָגיע און זייער יודאַאיזם צו דער הערשנ־דיקער פילאָזאָפישער שיטע.

אַלט, ווי דער גאָלעס, איז דער נאַאיוו־רוכניעס־דיקער „אימפעריאַליזם" פונם אַטאָ־וועכאַרטאָנו־געדאַנק. ס'האָט זיך געבאָלעמט: – מיין גאָט איז דער איינציק עמעסער, און אַלע פעלקער מיט זייערע געטער און געצן מוזן זיך בוקן צו אים.

אָפּט האָט דער „גאָט" געביטן זיינע מאַלבושים לויט דער צייטמאָדע. אָבער דווירעס־לאַנג דינט אים דער פּאַרמיטלערישער אידנטום, בויט אים גילדענע מיזבייכעס אין אַלע טפוצעס־האַגוילע: אין יאַוונע, אין אַלעקסאַנדריע, אין ווילנע, אין וואַרשע, בערלין, מאַרבורג, אין ווין און ניו־יאָרק. און אַלע צוזאַמען כאָלעמען הונדערטער יאָרן וועגן איין צענטראַלן מיז־בייעך פּאַרן אַלוועלטלעכן יאַהאַדוסגאָט – אין צ י ו ן...

אין מיזרעך האָט אָט דער גייסטיקער „אימ־פעריאַליזם" נאָך באַהאַלטן ביז צו דער׳לעצטער צייט זיין נאַאיוון בעסמעדרעשבאַראַקטער. דער מיירעוו אָבער האָט אים רעפאָרמירט, מאָדערניזירט, קלוי־מערשט פאַרוועלטלעכט. און ס׳כאָלעמט זיך, ווי אַמאָל:
— מיין פילאָזאָפיע איז די איינציק עמעסע און צו איר מוזן זיך בוקן אַלע פאַרבלענדטע אומעס־האָאוילעם.

ס׳פאַרשטייט זיך, אַז דער מין כאַלוימעס־„אימ־פעריאַליזם" איז פאַר קיינעם ניט געפערלעך, אכוץ — פאַר די אידישע פאָלקמאַסן גופא. דען זיין היסטאָ־רישע אופגאַבע איז: העלפן די הערשנדיקע שיכטן פונם אידישן פאָלק וואָס גיכער פאַראַטן און פאַר־לאָזן דעם „האַמוין" און זיך פאַרקלייבן אונטער די פליגלען פונם עמעסן מאַמאָשעסדיקן אימפעריאַליזם פון דער הערשנדיקער נאַציע.

און שטענדיק פלעגט זיך דערביי אַרויסווייזן, אַלס בעסטער שאַדכן — די הייליקע טוירע. ניט אומזיסט זינגט אונזער האַמוין מיט אַ באַהאַלטענעם סאַרקאַזם:

— טוירע איז די בעסטע ס ח ו י ר ע...

## קלאַסנמאַטעריע שטאַרקער — פאַר נאַציעגייסט

פון דייטשער פילאָזאָפיע און אידישן פילפּל האָט קאָהען צונויפגעקלעפּט זיין סינטעז צווישן אידנטום און מענטשהייט, זיין ליקווידאַציע־יודאַאיזם פארן דייטשן מוזיי.

די פּראָבּלעם פון אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איז פאַרן אַלוועלטלעכן — אויך אידישן — פּראָלע־טאַריאַט אַ נאַטירלעך אָרגאַנישער לעבנפאַקט, ארויס־געוואַקסן פון געוויסע געמיינזאַמע אינטערעסן און אידעאַלן, פאַרוואַנדלט זיך בּאַ די אידעאָלאָגן פון דער אידישער בּורזשואַזיע, ווי קאָהען, אין אַ געקינסטלטע רוכניעסדיקע קאָמבּינאַציע, צונויפגעפלאָכטן פון פּיל־פּוליסטישע ספּעקולאַציעס און אַסימילאַטאָרישע קאַוואָנעס.

קאָהענס אַלגעמיינע פילאָזאָפישע סיסטעם בּילדט די העכסטע מאַדרייגע פון דער קריטיש־אי־דעאַליסטישער בּורזשואַזער אידעאָלאָגיע.

קאָהענס סיסטעם פון יודאַאיזם איז די העכסטע מאַדרייגע פון דער אידיש־בּירגערלעכער אַסימילאַ־ציעאידעאָלאָגיע.

אין קאָהענס וועלטאָנשויאונג איז בּלי־סאָפעק פאַראַן גאַנצקייט און אויסגעהאַלטנקייט. ס'ליגט אין

אים אַ גרויסער גייסטיקער קויעך, וואָס האָט אויס־געבויט אַ גראַנדיעזן טעאָרעטישן ביניען. און אָט דער קויעך פּליסט געוויס פון די טיפסטע אידישע פאָלק־קוואַלן. קאָהען שעפּט מיט איין האַנט פון דער דייטשער קולטור און מיט דער אַנדערער פון די היס־טאָריש אָנגעקליבענע אידישע פאָלקאייצרעס.

די קלאַסנמאַטעריע איז אָבער אַלע־מאָל און אומעטום שטאַרקער, ווי דער „נאַציאָנאַלער גייסט”. און סאָף־קאָל־סאָף איז קאָהענס יודאַאיסטישע מויעכגוואורע געווענדט אַף — פאַרשטאָפּן די אי־דישע שאַפונגקוואַלן, אַף פאַרניכטן דעם אידישן פאָלקקויעך...

— — — אַזוי האָט געלערנט און — „געפּעלשט” דער טיפּסטער באַגרינדער פונם קריטישן אידעאַליזם און דער לעצטער קויהען־גאָדל פון דער אידישער אַסימילאַציע, הערמאַן קאָהען.

# סילועטן-ביבליאטייק.



## I וויסנשאפטלעך-פילאזאפישע סעריע:

1) מ. שאַץ-אַנין. הערמאַן קאָהען. (ערשינען)
2) „ „ קאַרל מאַרקס.
3) „ „ אַנרי בערגסאָן.
4) „ „ פֿערדינאַנד לאַסאַל.

---

## II ליטעראַרישע-קריטישע סעריע:

1) מ. קיטאַי. די אידישע בוך און פּרעסע אין לעטלאַנד
2) מ. שאַץ-אַנין. די מאָדערנע אידישע דיכטונג.

---

## III קינסטלערישע סעריע:

1) מיכאַאיל יאָ. א. לעוויטאַן.
2) „ „ מ. ליבערמאַן.
3) א. וואָראָבייטשיק. פּערל. (י. ל. פּערעץ).
4) מ. שאַץ-אַנין. עקספּרעסיאָניזם.

---